# קנוט האמסון

## קריטישע ביאגראפיע

דורך

ש. עפּשטיין.

פערלאג „קולטור", ווארשא.

פרייז 10 קאפּ.

ווארשא. תרע"ב.



קנוט האמסון.

# ביאגראפיע

פון

ש. עפשטיין.



פערלאג „קולטור“ /דזיקע 13.

ווארשא — תרע"א.

Тип. Б. Туршъ, Варшава.

# קנוּט האַמסוּן.

## קריטיש-ביאָגראַפישער עטיוד *)

צװישען די גרויסע קינסטלער-גייסטער, װעלכע דאָס קליינע נאָרװעגען האָט אַרויסגעגעבען פאַר'ן לעצטען יאָהרהונדערט, איז האַמסון איינער פון די בעדייטענדסטע, גרעסטע, מערקװירדיגסטע סיי לויט זיין שאַפען, סיי לויט זיין פערזענליכקייט, און נאָך דעם טויט פון הענריק איבסען און ביערנסטערנע ביערנסאָן פערנעהמט ער דעם אויבען-אָן אין דער נאָרװעגישער ליטעראַטור. אין דער היינטיגער צייט איז נישטאָ אין נאָרװעגען קיין גרעסערער קינסטלער פון איהם, און נישט אומזיסט רעדט מען טאַקע, אַז די נאָרװעגישע רעגירונג װעט איהם בעשטימען דאָס סטיפּענדיום, װעלכעס עס קריעגט דער גרעס-טער קינסטלער פונ'ם לאַנד, װי דאָס איז געװען דער פאַל מיט איב-סענען און נאָך איבסענס טויט מיט ביערנסאָנען.

האַמסון האָט פאָלשטענדיג פערדיענט אַזאַ כבוד. אין זיין פער-זאָן האָט די מענשהייט ערװאָרבען איינעם פון יענע גליקליכע קינדער, װעלכע דיענען איהר װי אַ לייכט-טורם אויף דעם װעג צו בעגרייפען די קאָמפּליצירטעסטע געפיהלען, די פערבאָרגענסטע פערהעלטניסען

---

*) דעם 4-טען אויגוסט אין יאָהר 1910 האָט די גאַנצע ליטעראַרישע װעלט געפייערט דעם 50-יאָהריגען געבורטס-טאָג פון דעם נאָרװעגישען שריפטשטעלער קנוּט האַמסוּן.

פון׳ם געשלעכט, די אונענדליכע טיעפעניטשען פון דעם אייביג-אַלטען און אייביג-נייעם וואונדער-סוד, וועלכער רופט זיך „ליעבע”, און עס איז דעריבער קיין הידוש נישט, וואָס אין דעם נאַציאָנאַלען יום-טוב פון דעם נאָרוועגישען פאָלק האָבען זיך בעטהייליגט אַלע פאָרגעשריטענע לענדער פון דעם גרויסען ערד-קוגעל. אײנער האָט נאָר געפעהלט אויף דעם יום-טוב, און דאָס איז האַמסון אַליין. צווישען די פיעלע טאָסטען, רעדעס, האַרציגע בעגריסונגען האָט נישט געקלונגען די שטימע פון דעם „אייביגען וואַנדערער”, האָט נישט געבּרויזט דער אויסגוס פון זיינע געפיהלען, אַלס אַנ׳ענטפער אויף די לויב-געזאַנגען לכבוד איהם.

אָבגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט, האָט ער אויך אין זיין גרויסען לעבענס-טאָג זיך אָבגעגעבען מיט זיינע שעפּפערישע געדאַנקען אין אַ פערוואָרפענעם ווינקעל, ווייט פון קריסטיאַניאַ, און נישט אָנגענומען די איינלאַדונג פון זיינע פריינד און פערעהרער אַנוועזענד צו זיין אויפ׳ן יובילעאום-באַנקעט, וועלכען זיין אייגען פאָלק האָט פאַר איהם געמאַכט. ער האָט זיך אפילו בעהאַלטען אין די געדיכטע צווייגען פון׳ם וואַלד נעבען זיין וואוינונג, כדי די נייגעריגע אויגען זאָלען נישט שטערען זיין איינזאַמקייט.

ווער עס קען האַמסונען, וועט פאַר דעם דיזער פאַקט נישט זיין קיין איבעררּאַשונג. מיט איניגע יאָהרען צוריק האָט דער יונג-פערשטאָרבענער אַלבערט לאַנגען, דער אייגענטימער פון דעם דייטשען פערלאַג „סימפּליציסימוס”, וועלכער האָט אַרויסגעגעבען נישט ווענינגער ווי צוואַנציג ווערק האַמסונס, זיך געווענדעט צום יובילאַר, ווי צו אַ סך אַנדערע בעקאַנטע אויטאָרען פון זיין פערלאַג, מיט אַ ביטע אָנצושרייבען איהם פאַר אַ פערלאַגס-קאַטאַלאָג די זעלבסט-ביאָגראַפיע. דער בעשיידענער יוליוס בירבוים האָט דאַמאָלס גלייך אָנגעשריבען צוויי זייטען ווענען זיך. האַמסונען האָט עס אָבער אויפ-געבראַכט און ער האָט געענטפערט בלויז מיט זעקס שורות:

„איך בעט אייך, זייט אַזוי פריינדליך און שרייבט אַליין אָן די ביאָגראַפיע. הויבט אָן פון דעם פיערטען אויגוסט 1860, ווען איך בין געבוירען געוואָרען, און געהט אַזוי ווייטער מיט פיעל שענע ווערטער ביז הייננטיגס יאָהר. דען וואָס קען איך זאָגען? איך גלויב, אַז די לייט זענען שוין טויט-מיעד געוואָרען פון די אַלע ביאָגראַפיעס און בילדער פון די נעזאַמעלטע וועלט-אויטאָרען. און אונזערע זענען

דאָך אַזוי פּיעל...

דיזע עגיוות האַמסונס איז נישט קיין פּאָזע, קיין אָנשטעל צו מאַכען זיך אָריגינעל און אינטערעסאַנט; זי קען נאָר דינען ווי אַן' איינלייטונג צו דער חאַראַקטעריסטיק פון האַמסונען, אַלס מענש. אין איהר ווייזט זיך אַרויס דער אמת'ער, אויפריכטיגער האַמסון, וועלכער האָט פעראייניגט אַלע זיינע לעבענס־שטרעבונגען, זאָרגען און פרייד־ען, גליק און אונגליק אין דער קונסט און וויל נישט, אַז אַ פרעמדעס אויג זאָל אַריינדרינגען אין דעם קדשי־קדשים פון זיין אינטימען גלות.

און דורכגעלייטערט אין דיזען קדשי־קדשים פון האַמסונס סו־ביעקטיווען שאַפען, ערשיינט פאַר אונז דאָס לעבען אין די שרעק־ליכסטע, גרויזאַמסטע פאַרבען, אָבער זיי, די פאַרבען, וועקען נישט אין אונזערע הערצער דאָס געפיהל פון יאוש און ענטטוישונג; פער־קעהרט, מיט זייער אָביעקטיווען שענהייטס־לוסט רופען זיי דעם מענשליכען גייסט אַלץ פאָרווערטס און פאָרווערטס צו אַ נייעם לעבען, פול מיט אייביגער בעוועגונג און אייביגען קאַמפּף. נישט אומזיסט טראָגט ער דעריבער דעם נאָמען „דער דיכטער פון בעוועגונג, פון נאַטור און ליעבע".

„פאַרוואָס דולט איהר דעם שקר, איהר יונגע? פאַרוואָס געהט איהר נישט אַרויס אין גאַס און זוכט נישט אויף דעם פופציג־יאָהריגען אַלטען און זאָגט נישט צו איהם: אַראָב פון וועג, דו אַל־טער! מיר זענען יונגער פון דיר, דיין לעבען איז צו ענדע, מאַך אָרט פאַר אונזערע, שטאַרב מיט גאָט!"

דיזע לאָזונג פון דעם דרייסיג־יאָהריגען קאַרענאָ אין דער דראַמאַ „ביי די רייכע פּאָרטען" איז דאָס אינסטינקטיווע שלאָג־וואָרט פון דעם פופציג־יאָהריגען אַלטען און דאָך יונגען האַמסון.

---

האַמסון איז דער אָנגעזעהענסטער פאָרשטעהער פון דער מאָ־דערניסטישער שול, און ווי ביי דאָס רוב מאָדערניסטען, מיט אויס־נאַהם פון דעם בעלגישען עמיל ווערהאַרן, איז דער אַרט דענקען אויך ביי איהם אַ טיעף פעסימיסטישער, נאָר אויב ביי פיעל פון זיינע קאָ־לעגען גרענעצט זיך דער פעסימיזם מיט האַס צום לעבען, איז ער ביי איהם דורך און דורך דורכגעדרונגען מיט אַ צאַרטער ליעבע צו

אַלץ, וואָס טראָגט נאָר אויף זיך דעם שטעמפּעל פונ'ם לעבען.

דער הינקעדיגער דאָקטאָר אין „פּאַן" זאָגט אין שפּאַס: „איך ליעב דיזע וועלט. מיט די הענד און מיט די פיס קלאַמער איך זיך פאַר'ן לעבען. און ווען איך וועל ענדליך שטאַרבען, האָף איך צו קריגען אַנ'אָרט אין דער אייביגקייט אַקוראַט איבער לאָנדאָן און פּאַריז, כדי מען זאָל קענען די גאַנצע צייט הערען דאָס געוויש פון דעם מענשען-יריד", און דיזע בעמערקונג איז אַמבעסטען צוגעפּאַסט צו האַמסונען גופא.

ווי גרויס עס זאָלען נישט זיין די טאַלענטען פון גאַבריעל ד'אַנונציאַ, הוגאָ פאָן-האָפמאַנסטאַל און סטאַניסלאַוו פּשיבישעווסקי, זענען זיי אָבער מענשען מיט נשמות, וועלכע לעבען נאָר מיט דער מינוט, אָדער ריכטיגער געזאָגט — ווי עס דריקט זיך אויס די רוסישע שריפטשטעלערין קאָלטאַנאָווסקאַ, — „ריטער אויף אַ שעה". די פייערדיגע מאָמענטען, וועלכע האָבען זיי פריהער געלאָקט מיט אַזאַ כשוף, מאַכען זיי גיך מיעד און צוברעקלען זייער מארך אויף טויזענדער פיצלעך. דיזע קראַנקע נשמות האָבען איבערגעריסען מיט דער פערגאַנגענהייט און זעהען אָבער פאַר זיך נישט קיין צוקונפט, ווייל דאָס פייערל, וואָס טליהעט אין זייערע הערצער, ווערט אויסגעלאָשען מיט זיי צוזאַמען.

אַנדערש איז מיט די העלדען פון האַמסונען. זיי זענען אויך קראַנקע נשמות, אָבער זיי זענען אין דערזעלבער צייט קינדער פון אַ גייסטיג-יונגען פאָלק מיט אַ געהיימניספולער נאַטור און געהיימניספולער פישער-בעפעלקערונג, וועלכע לעבט אונטער דעם שיין פון די אייביג-ליכטיגע צפון-נעכט, אין אַנ'אייגענער פערבינדונג מיט דעם בראַוזענדען ים. אויף אַזעלכע קינדער האָבען די נעגאַטיווע זייטען פון דער ציוויליזאַציאָן נישט געקענט האָבען אַזאַ גרויסע ווירקונג, ווי אויף די, וועלכע האָבען זיך אַליין געקאָכט אין דעם קעסעל פון דיזער ציוויליזאַציאָן. דערעסט האַמסונס אַ העלד דער „מענשען-יריד", געהט ער אַוועק אין דאָרף צו דעם „גאַאיוועען המון", אָדער אין וואַלד צו די חיות און פויגלען, און דאָרט, אויפ'ן שויס פון דער נאַטור, רוהט ער זיך אָב פון אַלע זאָרגען און ליידען, ערוועקט צוריק זיין גייסט-רייכטום „איך".

---

איך געדענק נישט, ווער האָט עס געזאָגט, אַז האַמסונ׳ס ווערק זענען די דאָקומענטען פון זיין איינענעם לעבען. דיזע ווערטער דריקען אַמבעסטען אויס דעם כאַראַקטער פון האַמסונען אין אַלע הינזיכטען. אין דער וועלט-ליטעראַטור איז שווער צו געפינען נאָך אַ קינסטלער, וועלכער זאָל זיין אַזוי פערזענליך אין זיינע ווערק, ווי קנוט האַמסון. אין אַלע זיינע שילדערונגען זעהט זיך זיין איינענע גע-זיכט. אין די פערשידענאַרטיגע געשטאַלטען פון זיינע העלדען און הויפט-פערזאָנען ווידערהאָלט זיך זיין איינענער איך, שיינען בולט אַרויס זיינע איינענע איבערלעבונגען. יעדער דופק פון זיין האַרצען, יעדע אויפרעגונג פון זיין נשמה ווערט איבערגעגעבען מיט דער גרעסטער מייסטערהאַפטער פינקטליכקייט. לעזענדיג, פערגעסט מען אינגאַנצען, אַז מען האָט דאָ צו טהון מיט איין פערזאָן, מיט דעם מערקווירדי-גען קאַמפף פון אַ יחיד, עס דאַכט זיך נאָר, אַז פון די שורות שטיי-גען אַרויף דער וועלט-שמערץ, די אייביגע וואַנדלונגען פון דעם מענשליכען גייסט. מען זעהט פאַר זיך אַ לאַנגע קייט, וועמעס בע-זונדערע רינגען זענען ענג צונויפגעשמידט צווישען זיך און מען קען זיי נישט אָבּרייסען איינעם פון צווייטען. פערקעהרט, וואָס מעהר מען וויל זיי צוטיילען, אָבזונדערן, אַלץ פעסטער פלעכטען זיי זיך צונויף, און מען קען שוין נישט געפינען קיין גרענעץ-ליניע פון דעם, וואָס עס דאַרף זיין און וואָס עס דאַרף נישט זיין. דאָס יאָ-זיין און נישט-זיין גיסען זיך צונויף אין איין איינהייטליכע סימפאָניע, און יעדער טאָן אין איהר, יעדער קלאַנג שטעלט מיט זיך פאָר נאָר פון אויסזעהן אַ בעזונדערע וועלט מיט אַ בעזונדער לעבען, אָבער אין דער אמת׳ען זענען זיי א י י ן וועלט מיט א י י ן לעבען. דער לייוועגד פון דיזער פיעל-פאַרביגער פענאָראַמאָ איז דאָס געהיימניס פון דער מענשליכער נשמה, וועלכע ווערט אַלץ קאָמפּליצירטער, וואָס דייטליכער מען וויל זי בעגרייפען, און אין דעם שוואונג פון איהר שטרעבען, אין איהר הייליגען פלאַטערן בעשטעהט דער גרויסער ווערט פון האַמסונס עפּיק. זי ווייזט אונז, ווי אַלע אויסערע געשעהענישען זענען אָבהענ-גיג פון דעם אינערן אימפּולס, אַז איינפאַך אַרויסגעזאָגטע ווערטער זענען נאָר אָפט ווערטער, וועלכע בעמיהען זיך מיט דער שרעק-ליכסטער אַנגסט אויפצוהויבען דעם שלייער פון דעם געהיימניספולען אין לעבען.

דער דייטשער פּאָעט און מאַלעריי-קריטיקער ג א ָ ט פ ר י ע ד

ק י נ ק ע ל  האָט אַמאָל אין אַ רעדע געגען טויט־שטראָף געזאָגט:
„אין יערען מענשען ליעגט די מעגליכקייט אַ מערדער צו ווערען. יעדער פון אונז מעג נאָכדענקען, ער וועט אין זיין נשמה דעם פונקט געפינען, וואו דער געדאנק פון מאָרד ענטשטעהט״.
אָט דיזער שוואַרצער, פינסטערער פונקט, וועלכער בילדעט דאָס האַרץ פון דעם מענשען, זיין נשמה, איז אויך דער פונקט פון האַמסונס שאַפען. ער בעהערשט איהם מיט זיין טיעפקייט, מיט זיין וואונדערבאַרער קראַפט, ער שעפּט אין דעם זיין בעגייסטערונג, און וואָס גרעסער איז דער שרעק, די גרויזאַמקייט פון דעם געהיימניספול־לען, אַלץ שאַרפער דרינגט אַריין אהין זיין אויג, אַלץ מעהר פער־באָרגענע ווינקלען ענטדעקט ער פאַר אונז. די אויסערליכע געשעהע־נישען שפּיעלען פאַר איהם אַ קליינע ראָלע, זיי דיענען נאָר ווי אַ פּלעכע, אויף וועלכער די מענשליכע נשמה וואַרפט זיך אין שרעקליכע קאָנ־וואולסיעס און קען נישט געפינען קיין רוה מיט איהר שטרעבען אַלץ העכער און העכער צו נייע וועלטען און נייע הימלען.
אין דעם פרט פון ענטדעקען אין דער מענשליכער נשמה יענע פערבאָרגענע ווינקלען, וואו עס גרענעצען זיך גאַנץ אָפט וואַהנזין און פערשטאַנד, איז האַמסון פיליייכט דער צווייטער אין דער וועלט־ליטע־ראַטור נאָך ד אָ ס ט אָ י ע וו ס ק י ן.
נאָר דער אונטערשיעד צווישען די צוויי קינסטלער — זאָגט דער דייטשער קריטיקער ק אַ ר ל  מ אָ ר ב ו ר ג ע ר אין זיין בוך „קנוט האַמסון״ — בעשטעהט אין דעם, וואָס ביי דאָסטאָיעווסקין איז די אונרוה פון דער נשמה די טרייבענדע קראַפט, און ביי האַמסונען די אונרוה פון דעם בלוט. דאָסטאָיעווסקי זוכט אימער דעם זין פונ׳ם לעבען פאָלקאָם קלאָר, זיין פּראָבלעם ליגט נאָר אויף אַנ׳אַנדער שטח: ווי פערווירקליכט מען דיזען זין פונ׳ם לעבען? דאָסטאָיעווסקיס העלדען האָבען אַ קראַנקע נשמה, האַמסונס געשטאַלטען אָבער „האָבען אַ צו גרויס האַרץ״ — ווי עס דריקט זיך אויס זיינער אַ העלד אין „טרוי־מער״. די קראַנקע נשמות ביי דאָסטאָיעווסקין שטרעבען צו טעטיג־קייט, אין וועלכע זיי ווערען אָפט העראָאיש, די מייסטע העלדען פון האַמסונען זענען אָבער ערטרעגליכע מאַרטירער, האָבען דורך און דורך פּאַסיווען העראָאיזם. דאָסטאָיעווסקי איז שטענדיג מאָראַליסט, האַמסון האָט אָבער גאָרנישט געגען דאָס אונמאָראַלישע, ווען דאָס איז נאָר גרויס און גאַנץ״.

קנוט האַמסון איז געבאָרען געוואָרען דעם פירטען אויגוסט 1860 אין לאָם אין גודבראַדסדאַל *). זיינע עלטערן זענען געוועזען אָרימע פויערים. ווען ער איז אַלט געוועזען פיר יאָהר, זענען זיי אַריבערגעפאָהרען אין לאָפאָטען אין נאָרד=לאַנד.

דיזע געגענד פון נאָרוועגען ליעגט האַרט ביים ים און ציילענט זיך אויס מיט איהר מאַיעסטעטישער און ווילדער נאַטור. דער ים איז דער שפּייזער פון דער גאַנצער בעפעלקערונג. די איינוואוינער בעשעפטיגען זיך מיט פיש חאַפּען און פערברענגען כמעט דאָס גאַנצע לעבען אויף די ברויזענדע חוואַליעס. יעדע מינוט דראָהט זיי די געפאַהר איינגעשלונגען צו ווערען פון דעם שוואַרצען תהום, און דאָס בעשאַפט זיי אַ בעזונדער אונרוהיגקייט, אַ שטאַרקע בעוועגליכקייט. זייער בלוט פליסט האַסטיגער, זייערע הערצער קלאַפען אימפּולסיווער, ווי ביי די איינוואוינער פון אַנדערע ערטער, וואו דער ים האָט נישט אַרויפגעלעגט אויף אַלץ זיין ספּעציפישען שטעמפּעל. האַמסונס לאַנדסמאַן, דער בעריהמטער שריפטשטעלער יאָנאַס לי, זאָגט אַרויס וועגען נאָרדלאַנד די פאָלגענדע מיינונג: „עס הערשען דאָרט ריזען=פערהעלטניסען, אָבער צווישען אַלע זייערע עקסטרעמען איז נישטאָ קיין קלענסטער איבערגאַנג, מיט אַנדערע ווערטער: דאָס זענען פערהעלטנישען מעהר פאַר דער פאַנטאַזיע, פאַר דער לעגענדע, ווי פאַר דעם רוהיגען פערשטאַנד און דער גלייכמעסיג=זיכערער טעטיגקייט. עפּעס גרויסאַרטיג=ווילדעס ליעגט אין זייער דענקען, אין זייער לעבען".

„ווי חאַראַקטעריסטיש עס איז — זאָגט קאַרל מאַרבורגער, — אַז די גאַנצע זאַגענוועלט אין דעם מיטעלען און דרום=נאָרוועגען בעשטעהט פון גייסטער, וועלכע זענען נישט=מענשען און פיגורירען אַלס די הערדען פון די בערג און וואַסער. אין נאָרדלאַנד אָבער בעשטעהט די זאַגענוועלט פון ריזען=מענשען, פון וועלכע עס זענען ענטשטאַנען די פעלזען, די בערג אָדער די אינזלען. אויף אַזאַ אופן האָט אין דרום די פאַנטאַזיע בעשאַפען די צויבער=וועזענס אין דער אינער=

*) האַמסונס לעבענס-געשיכטע האָב איך צוזאַמענגעשטעלט לויט דער גענויער ביאָגראַפישע אַרבייט פון דער רוסישער שריפטשטעלערין מ. בלאַגאָוועשטשענסקי, וועלכע איז געווען געדרוקט אין רוסישען זשורנאַל „ניווא" פאַר דיזען יאָהר.

ש. ע.

ליכקייט פון די בערג און אין נאָרדלאַנד האָט די זאַגע פערמענשליכט די בערג, די פעלזען און די אינזלען".

אין דיזען פערמענשליכען די גאַנצע נאַטור איז אויסגעדריקט די בעזונדערע אייגענשאַפט פון די נאָרדלענדער. דער מענש, דער גרויסער, ריעזיגער מענש מיט זיין ריעזיגען ווילען און ריעזיגען שוואונג איז זייער גאָט. קיין אַנדערע געטער אַנערקענען זיי נישט. אמת, די חוואַליעס פון ים זענען אַמאָל שטאַרקער פון דעם מענשען, אָבער זיי ווערען דאָך בעזיעגט פון איהם און ער הערשט איבער זיי: פאָלשטענדיג מיט זיין שיפעל און פיש-נעץ. די אייגענשאַפט פון דעם נאָרדלענדער, דעם פישער, דריקט זיך אויס נאָך אין אַ פרט: ער ווייס נישט פון קיין שום אַרבייטס-בעל-הבית איבער זיך. ער איז פון מענשען אינגאַנצען אונאָבהענגיג. ער האָט נאָר צו טהאָן מיט דעם הענדלער, וועלכען ער פערקויפט זיינע פיש, אָבער מעהר מיט קיינעם נישט. ער איז אַן אייגענער, אַ זעלבסט-הערר. דער גאַנצער ווירטשאַפט-בעטריעב פון דער קאַפּיטאַליסטישער ציוויליזאַציאָן האָט איהם נאָך נישט בעריהרט, נישט בעאיינפלוסט. ער איז די נאַטירליכקייט אַליין, דער אונבעשרענקטער הערשער אין זיין קליין וועלטעל. אויך דער שטאַט אַנערקענט זיין זעלבסטשטענדיגקייט. ער צאָהלט דעם שטאַט זיינע שטייערן און פערלאַנגט דערפאַר פון איהם ווירטשאַפטליכע געגענאויסבעסערונגען. ער דיענט נישט דעם שטאַט, נאָר דער שטאַט דיענט איהם. ביז מיט פינף יאָהר צוריק איז אין נאָרדלאַנד נישט געווען אפילו קיין מיליטער-דיענסט-פליכט. לויט זיין קולטורעלער ענטוויקלונג שטעלט מיט זיך פאָר נאָרדלאַנד אַן אָבגעשטאַנענע געגענד, וועלכע בעגעגענט מיט פיינדשאַפט און האַס יעדע פערפלאַכונג און הינדערניש פון דער ציוויליזאַציאָן, אָבער נישט קוקענדיג אויף זייער אָבגעשטאַנענקייט, רעאַגירען די נאָרדלענדער אויף דאָס לעבען צוליעב די אויבענדערמאָהנטע אורזאַכען זעהר אינטענסיוו, און דיזע אינטיסיוויטעט, אונרוהיגקייט און בעוועגליכקייט האָט אייַנגעזאַפּט אין זיך דער יונגער האַמסון, אויספלעטענדיג עס מיט די פעריינערטע, דינע נערווען, וועלכע זענען צו איהם אַריבערגעגאַנגען בירושה פון זיין זיידען — דעם קונסט-שמיד אין גודבראַנדסדאַל.

טראָגענדיג אין זיך דיזע אייגענשאַפטען, האָט האַמסון פון קינדוויַיז אָן זיך אויסגעצייכענט מיט אַ פערשלאָסענעם האַראַקטער און טרויערישען געמיט. אַזוי ווי זיינע עלטערן זענען געווען אָרים, האָט

ער נישט געקריגען קיין שום סיסטעמאַטישע בילדונג; עטליכע יאָהר פון זיין קינדהייט האָט ער פערבראַכט ביי זיינעם אַ אָנקעל — אַ גייסטליכען, וואו ער האָט שווער געאַרבייט און קיינמאָל נישט געהאַט קיין פרייע מינוט. דער אָנקעל איז זיך בעגאַנגען מיט איהם זעהר שטרענג און פלעגט איהם נישט קאַרגען קיין קלעפּ. וועגען דיזען פעריאָד פון זיין לעבען דערמאָהנט ער אין זיין ערצעהלונג מיט'ן נאָמען „דער גייסט".

דער פאַמיליעננאָמען פון האַמסונס פאָטער איז געווען פעדער־סאָן, נאָר האַמסון האָט זיך אָנגערופען מיט'ן נאָמען פון זיין פאָטערס גוט „האַמסונד", אַראָבוואַרפענדיג דעם אות „ד". ווען ער איז אַלט געוואָרען זיבעצעהן יאָהר, איז ער אָנגעקומען צו אַ שוסטער אין באָדע, אַ קליין פישער־שטעדטעל. לערנענדיג זיך פאַר אַ שוסטער, פלעגט האַמסון פונדעסטוועגען בגנבה אונטערשרייבען. דער רעזולטאַט פון דיזער געהיימער אַרבייט איז געווען אַ פייערליכע און מעלאַנכאָלישע פּאָעמאַ מיט'ן נאָמען „די צוזאַמענקונפט", וועלכע האָט זיך געדרוקט אין יאָהר 1878. דיזע אונגעשיקט אָנגעשריבענע פּאָעמאַ איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ נאַאיווער ראָמאַנטישער שטימונג. גלייך נאָכדעם האָט ער אָבגעדרוקט אַן ערצעהלונג מיט'ן נאָמען „בירגער" פון הונ־דערט און פיער און צוואַנציג זייטען. אין דיזער געשיכטע ווערט אי־בערגעגעבען די לעבענס־געשיכטע פון אַ פּויערשען יונגעל, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין פאָטער און קיין מוטער. די שפּראַך אין איהר איז אויפ'ן העכסטען גראַד אונפּאָלקאָמען און ענטהאַלט אין זיך אַ סך צוגעטראַכטע ווערטער און אָרטיגע אויסדריקען. אין איהר ווייזט זיך אַרויס דעם פערפאַסערס אויבערפלעכליכע בעקאַנטשאַפט מיט די כללים פון אָרטאָגראַפיע און סטיליסטיק, עס פיהלט זיך אויך אין איהר די שטאַרקע ווירקונג פון ביערנסאָנס „פּויערשע נאָוועלען", נאָר וואו נישט וואו טרעפען זיך אייגנציגע ערטער, העלע בילדלעך, אין וועלכע עס צייגט זיך שוין אַרויס די אינדיווידואַליטעט פון פערפאַסער. אייניגע זייטען פון דיזער ערצעהלונג זענען דורכגעדרונגען מיט אַן אייגענאַרטיגער פראַכט און ווייזען שוין אַרויס די סמנים פון אַ אָריגי־נעלער און העלער לירישער פּראָזאַ.

האַמסונען האָט אין גיכען דערעסען די שוסטעריי און ער איז געוואָרען אַ טאָג־אַרבייטער אין האַפען פון דעם קליינעם פישער־שטע־דטעל. אין פערלויף פון עטליכע חדשים האָט ער מיט ברילען אויף

די אוינגען געשלעפּט שווערע זעק מיט קויהלען אויף די שיפּען. אַם ענדע איז ער גאָר אַוועקגעפאָהרען פון באַדע און האָט עטליכע יאָהר נאָכאַנאַנד אַרומגעוואַנדערט איבער שטעדט און דערפער אַלס לעהרער, גאַס-ברוקירער און האָלץ-העקער; אַ געוויסע צייט האָט איהם אפילו אונטערגעשטיצט אַ רייכער פּילאַנטראָפּ, און ער איז אויף זיין חשבון אָבגעפאָהרען קיין אויסלאַנד. נאָר דאָס איז איהם אויך נמאס געוואָרען און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזען אַלס הייצער אויף אַ שיף זוכען זיין גליק אין „גאָלדענעם לאַנד". אין אַמעריקאַ האָט ער בעשלאָסען צו ווערען אַ גייסטליכער, אָבער דאָס האָט זיך איהם נישט איינגעגעבען און איהם איז אויסגעקומען צו טהאָן כל עבודת פרך, אַבי נאָר צו מאַכען אַ לעבען.

זומער 1885 איז ער ווידער געקומען אין קריסטיאַניאַ מיט דעם פעסטען בעשלוס צו ווערען אַ שריפטשטעלער. ער האָט געטריבען אונ-ערמידליך, גאַנצע נעכט פלעגט ער אַרבייטען און נאָכדעם רייסען דאָס אָנגעשריבענע. ער האָט אַנדערש נישט געוואָלט, ווי בעשאַפען אַ נייעם אויסערגעוועהנליכען סטיל און אויף דעם האָט זיך געפאָדערט זעהר פיעל צייט. ערשט זומער 1886 איז איהם געלונגען אָבצודרוי-קען עטליכע קליינע ווערק: צוויי-דריי הומאָריסטישע פעליעטאָנען אין גייסט פון מאַרק טווען, אַן אַנאָנימען אַרטיקעל וועגען דער אַמע-ריקאַנער ליטעראַטור און אַ קליינע סקיצע „דער הטא".

פאַר דער צייט, וואָס ער האָט פערבראַכט אין נאָרוועגען, איז ער אַרויסגעטראָטען אַלס פאָרלעזער אין פערשיעדענע שטעדט. דער געגענשטאַנד פון זיינע לעקציעס זענען געווען זיינע בעליעבטע שריי-בער קיעלאַנד און סטרינדבערג. אָבער סיי אין מאַטעריעלען, סיי אין אַנדערע הינזיכטען האָבען דיזע לעקציעס נישט געהאַט קיין ערפאָלג. אין הערבסט 1886 איז ער צום צווייטען מאָל אַוועקגעפאָהרען קיין אַמעריקאַ. ער האָט דאָרט געאַרבייט אַלס ערד-אַרבייטער אין די פּרעריען, אַלס טראַמוואַי-קאָנדוקטאָר אין שיקאַגאָ, איז אַרויסגעטרע-טען מיט לעקציעס אין מינעאַפּאָליס. נאָכדעם האָט ער דריי יאָהר נאָכאַנאַנד מיט נאָך אַכט חברים געאַרבייט אַלס פישער אין די ניו-פונדלענדער זאַמד-ברעגען, איבערגעגעבענדיג זיך אינגאַנצען דער איינזאַמ-קייט און זעלבסטפערטיעפונג.

אין יאָהר 1889 איז האַמסון אַוועקגעפאָהרען פון אַמעריקאַ און זיך אָבגעשטעלט אויף אַ געוויסע צייט אין קאָפּענהאַגען. אין גיכען נאָך

זײַן אומקעהרען זיך אין אײראָפּא איז אין דעם קאָפּענהאַגענער זשורנאַל „די נײַע ערד" ערשינען אַנאָנים אַ קאַפּיטעל פון זײַן „הונגער". פון דאַן אָן איז האַמסון בעריהמט געוואָרען אַלס שרײַבער. אין אײניגע מאָנאַטען אַרום איז „דער הונגער" אין אַ פערגרעסערטען פאָרמאַט אַרויסגעגעבען געוואָרען אין אַ בעזונדער בוך. דיזעס ווערק האָט די קריטיק כמעט אײנשטימיג בעגעגענט מיט גרויס בעגײַסטערונג. גלײַך נאָך דעם איז אַרויס אַ בוך אונטערגעשריבען מיט'ן פולען נאָמען פון פערפאַסער „דאָס גײַסטיגע לעבען פון אַמעריקאַ". דער בעריהמטער קריטיקער געאָרג בראַנדעס האָט געגעבען וועגען דיזען בוך די בעסטע מײנונג און פערענדיגט זײַן אַרטיקעל, ווענדענדיג זיך צום לעזענדען פובליקום, מיט די פאָלגענדע ווערטער: „איהר זעהט פאַר זיך אַ נײַעם זעלטענעם נאָרוועגישען פראָזאַאיקער, — שרײַבער, וועלכער דענקט זעלבסטשטענדיג, וויל עפּעס, איז פעהיג אויף עפּעס, שטעלט מיט זיך פאָר עפּעס און וועט ווערען נאָך גרעסער".

נאָך דעם ערשטען פערזוך אויף דעם ליטעראַרישען געביט איז האַמסון אַוועקגעפאָהרען אין פּאַריז, וואו ער האָט געלעבט זעהר אָבגעזונדערט און געאַרבײַט אויף זײַנע שפּעטערדיגע ווערק. זײַנע מאַטעריעלע אומשטענדען האָבען זיך אײניגערמאַסען פערבעסערט, אָבער ער האָט אַלץ פאָרטגעזעצט זײַן אונרוהיגען אַרט לעבען. ער האָט אַ סך גערײַזט, האָט געלעבט אַ לאַנגע צײַט אין העלסינגפאָרס, אין רוסלאַנד, איז געווען אין קאַווקאַז און אין מזרח.

אין הערבסט 1892 איז ערשינען זײַן גרויס ווערק „מיסטעריען", דערנאָך „רעדאַקטאָר לינגע" און די „נײַע ערד". די לעצטע צוויי ראָמאַנען טראָגען מעהר דעם האַראַקטער פון פאַמפלעטען און ווערען פערדרעבענט פאַר די וועניגער געלונגענע האַמסונס ווערק.

דערפאַר ערשײַנט אין אַ יאָהר אַרום דאָס ווערק, וועלכעס איז אַנקערקענט געוואָרען פון דער וועלט-קריטיק פאַר אײנע פון די גרעסטע ליטעראַרישע שעפּפונגען פאַר'ן לעצטען יאָהר-הונדערט. אין „פּאַן" האָט האַמסון ענדליך ערוואָרבען דעם גאָלדענעם כגען פון זײַן טאַלענט. ער האָט אין איהם ענטדעקט יענע ווײַטע מיסטישע וועלט, וועלכע האָט איהם אָבגעריסען פון דער טרויעריגער לאַנגווײַליגקײַט.

גלײַך נאָך „פּאַן" איז ערשינען זײַן ערשטע דראַמאַ „בײַ די רײַכע פּאָרטען" און אין אַ יאָהר אַרום די דראַמען „דאָס לעבענס-שפּיעל" און „אָווענד-זון".

אין הערבסט 1898 איז אַרויסגעגאַנגען זיין איי־דילישע, פּאָעטישע געשיכטע פון אליעבע „וויק־טאָריאַ".

אויף פיער יאָהר איז האַמסון אַנטשוויגען געוואָרען, אָבער צו דער פערוואונדערונג פון לעזענדען פובליקום טרעט ער אַרויס אין 1902 מיט אַ נייער דראַמאַ אין פערזען און אין אַלט אַקטען „מונ־קען וועגדט". דיזע דראַמאַ איז אַ מין געגענגווערטיגער עפּאָס, וועלכע מען קען פערגלייכען לויט איהר גרויס מיט איבסענס „בראַנד" און „פּער גינט" צוזאַמען. זי שילדערט דרייערליי בעציהונגען צו גאָט בונט, בעדענקונג און לעבעדיגער גלויבען, און צייכענט זיך אויס מיט איהר וואונדער־שעגער און געשליפענער פערזען־פאָרם.

נאָך „מונקען וועגדט" האָט האַמסון אַרויסגעגעבען אַ בעזונדער בוך וועגען זיין רייזע איבער קאַווקאַז, אונטער'ן נאָמען „אין וואונ־דער־לאַנד" וואו ער דערמאָהנט, אגב אורחא, אַז די רוסישע לי־טעראַטור האָט געהאַט אויף איהם אַ גרויסע ווירקונג, און איבערהויפּט איז אויף איהם געוועזען גרויס דער איינפלוס פון דאָסטאָיעווסקין. אַלס רעזולטאַט פון דיזער רייזע איז אויך זיין דראַמאַ „די קעניגין טאַמאַראַ". כמעט אין איין צייט זענען אַרויסגעגאַנגען אויך צוויי זאַמלונגען מיט ערצעהלונגען און אַ בוך לידער „ווילדע כאָרען", אין וועלכען האַמסון ערשיינט אַלס פּראַכטפולער, טיפער ליריקער. נאָך דעם געהען „דער טרוימער", „אונטער די הערבסט־שטערען", „דער פעררייקטער", „בענאָני", „ראָזאַ" און „דער וואַנדערער שפּילט אויף דער סאַרדינע". נישט לאַנג דאָס האָט ער פערענדיגט אַ נייע דראַמאַ „אין די נעגעל פונ'ם לעבען". די בעסטע אייראָפּעאישע קריטיקער, וועלכע האָ־בען די דראַמאַ געלעזען אין מאַנוסקריפּט, זענען ביי דער מיינונג, אַז זי דאַרף מאַכען אַ נייע עפּאָכע אין דער דראַמאַטישער קונסט סיי לויט איהר וועלטענער טעכניק און סיי לויט איהר גרויסען פּראָבלעם: דער קאַמפּף פון דעם מענשען געגען דאָס לעבען און דער נאָך שרעק־ליכערער קאַמפּף פון דעם לעבען געגען דעם מענשען.

אין אַלגעמיין האָט האַמסון אָנגעשריבען דריי און צוואַנציג ווערקן מיר וועלען בעטראַכטען איינגע פון דיזע „דאָקומענטען פון זיין לע־בען" און זעהען, אויף וויפיעל האַמסון איז טאַקע „דער דיכטער פון בעוועגונג, נאַטור און ליעבע".

אין „הונגער” ווערט געשילדערט די שרעקליכע טראַגעדיע פון אַ מענשען, וועלכען די אומשטענדען האָבען אַריינגעשלײַדערט אין קעסעלגרוב פון אייביגער נויט און אייביגער דחקות. אין דיזען קעסעלגרוב צאַפּעלט זיך זיין נשמה אין די שוידערליכסטע וועהען. דער הונגער, דער איינפאַכער, מאַטעריעלער הונגער שפּיעלט זיך מיט איהם, ווי אַ שטורם-ווינד מיט אַ לײַכט שיפעל אויפ'ן ים. פון הונגער קריכען בײַ איהם אויס די האָהר פון קאָפּ, פון הונגער ווערען בײַ איהם די אויגען פול מיט וואַהנזין, פון הונגער זויגט ער דאָס בלוט פון זיין אייגענעם פינגער.

אין דיזער דריקענדער חמאַרע, וואו מען קען נישט אונטער-שיידען טאָג פון נאַכט, מענש פון אונמענש, וואו אַלץ, דאַכט זיך, אָטעמט מיט משוגעת, ווילדקייט און שרעקליכער האַרץ-פינסטערניש, צייגט דער העלד אַרויס אַ וואונדערבאַרע ליעבע צום לעבען. ער פערגעסט צייטענווייז אָן זיין לאַגע. די פליגלען פון זיין פאַנטאַזיע טראָגען איהם אַוועק אין פּרעכטיגע וועלטען, אין נישט-אויסגעפאָרשטע הויכען און אין די מינוטען פון שרעקליכסטער פערצווייפלונג גיסען זיך אַרויס פון אונטער זיין פעדער צויבערהאַפטע ווערק.

מיט די אויגען פעררייסען צום הימעל געהט ער איבער די רוי-שיגע גאַסען, טיר און טויער זענען פאַר איהם פערמאַכט, ער קען ערגעץ נישט געפינען קיין נאַכט-געלעגער. ער האָט שוין אין זיין מויל טעג-לאַנג קיין שטיקעל ברויט נישט געהאַט, אָבער ער פאַלט בײַ זיך נישט אַראָב. די העליגע פאַנטאַזיע רופט אַרויס אָפט בײַ איהם אַ גליקליכען שמייכעל אויף די ליפען און ער פיהלט זיך גע-הויבען, פעהיג אויפצובויען נייע וועלטען.

און אָט אַזוי בלאָנזשענדיג, אָבגעריסען, אָבגעשליסען, אָהן אַ היים און אָהן שפּייז, טרעפט ער אין גאַס אַ פרויען-געשטאַלט. אין זיין נשמה ערוועקט זיך אַ וואַרים, ציטעריג געפיהל און ער בע-שאַפט גלייך אין זיין געדאַנק אַ פאַנטאַסטישען נאָמען פאַר דיזער פרויען-געשטאַלט.

אילאַיאַלי! — שעפּטשען צאַרט זיינע ליפען און ער פיהלט שוין נישט דעם הונגער, די ערנידריגונג, דעם ברויזענדען תהום פון שמאַך און דורשט.

די אונבעקאַנטע פרוי ווערט איבערראַשט פון זיין אויסערגע-וועהנליכען אויסזעהען מיט זיין מאָדנער שפּראַך אין זעלטענער אָבגע-

ונדערטקייט פון די מענשען, וועלכע זי האט בעגעגענט ביז איצט. זי איז גרייט צו פערערבנען איהם פאַר אַ שכור, אַ משוגענעם און אפילו פאַר אַ גנב און מערדער, און זי גיט זיך איהם פונדעסטוועגען כמעט אָב, אָבער ווען זי דערוויסט זיך דעם אמת, ווערט ביי איהר די ־ ליידענשאַפט פערביטען אויף עקעל, מיטלייד און שרעק.

אין דיזען מערקווירדיגען בוך פיהלט זיך נאָך אָבער נישט דער אמת׳ער האַמסון. דאָס איז גיכער אַנ׳אויסגעשריי נאָך לאַנגער, לאַנגער פיין, אַנ׳אָבקלאַנג פון פורלטבארע, שווערע יאָהרען, אַ געטליכער פיבער נאָך אַ לאַנג־דויערנדען שווייגען אין די צוואַנגען פון איינזאַמקייט, א הקדמה צו זיין וויטערדיגען שאַפען.

דערהעלבער פיבער, סיי אין דער פאָרם און סיי אין דער שטימונג, בעמערקט זיך אויך אין זיין צווייטען ראָמאַן „מיסטעריען״, וועלכע איז אַנ׳אונדירעקטע פאָרטזעצונג פונ׳ם „הונגער״. דער אונטערשיעד פון זיי בעשטעהט אין דעם, וואָס אין דעם ערשטען ווערען געשילדערט די ערדישע, די פיזישע יוגענד־נויטען פון דעם אייביגען וואַנדערער, זעדער ווי האַמסון דריקט זיך אויס, פון דעם „בלאָנזשענדיגען קאָמעט״, און אין דעם צווייטען זעהען מיר שוין פאַר זיך די גרויסע שווערע האַרץ־טראַגעדיע פון דעם העלד מיט זיינע גייסטיגע, פסיכישע נויטען.

יאָהאַן נאַגעל — די צענטראַלע פיגור פון „מיסטעריען״ — איז אַ געהיימניספולער מענש. קיינער ווייסט נישט, ווער ער איז, וואָס ער איז, פון וואַנען ער קומט; זיין גאַנצע בענעהמונג רופט אַרויס אין דעם קליין שטעדטעל, וואו ער איז פלוצלונג ערשיענען, נייגיריגקייט און פערוואונדערונג. אַלע פעראינטערעסירען זיך מיט איהם און זוכען זיין פריינדשאַפט, אָבער ער איז ווייט פון זיי און אין דער זעלבער צייט נאָהענט, און דאָס מאַכט נאָך איהם מעהר געהיימניספול אין די אויגען פון די אַרומיגע.

ער גלויבט, דאַכט זיך, אין קיין זאַך נישט און גלויבט אין אַלץ. זיין איבערצייגונגס־קראַפט איז אַזוי גרויס, אַז ער קען אויפווייזען, טאָג איז נאַכט און נאַכט איז טאָג, און אַלע זאָלען מיט איהם מסכים זיין. פאַקטיש אָבער גלויבט ער נישט אין לעבען, זעהט פאַר זיך קיין ציעל נישט און איז גרייט יעדען טאָג אַריינצוּוואַרפען זיך אין די חוואַליעס פונ׳ם ים, און דאָס טהוט ער טאַקע צולעצט, אָבער זיין ליעבע צו דער וועלט איז אַזוי גרויס, אַז גאַנץ אָפט דערטרינקט

ער זײַן אומעט, פערצווײַפלונג, זײַן טיעפען פעסימיזם אין דיזער ליעבע. ער דערנעהענט צו זיך דעם ערנידריגטען און בעלײדיגטען „מינוטע“ און בעציהט זיך צו איהם, ווי אַ ליעבענדע מוטער צו איהר קינד. אפילו אין זײַן שפּאַסען, אין זײַ גלומען זיך איבער דיזען אונגליקליכען, ווײַזט זיך אויך אַרוים דער נישט-אויסשעפּענדער קוואַל פון זײַן ליעבע.

און אין דיזער אַלגעמײַנער ליעבע זײַנער פלעכט זיך אַרײַן די בעזונדערע ליעבע צו דער נאַטור און צו דער פרוי.

„מיר דאַכט זיך, אַז איך שטעל מיט זיך פאָר אַ טײַל פון דיזען וואַלד אָדער פון דיזען טײַכעל, אַ צווײַגעל פון אַ סאָסנע, אָדער גאָר אַ שטײַן, פון מײַנטוועגען חאָטש אַ שטײַן, אַבי נאָר ער זאָל זײַן דורכגעדרונגען מיט דיזער צאַרטער דופט און צאַרטער רוה, וועלכע רינגעלט אונז אַרום“ — זאָגט ער דער שענער דאַגני.

די אויסערליכע אומשטענדען קימערן איהם נישט. ער איז פערמעגליך און דאַרף נישט פיהרען קײַן לעבענס-קאַמפּף פאַר עקזיסטענץ. די צערטליכקײַט, וועלכע ער פלעגט ביז איצט פערשווענדען אויף זײַנע ווערק, וויל ער אויף מענשען אַריבערטראָגען. אָבער דיזע צערטליכקײַט פאָדערט נישט אַזאַ ליעבע, ווי ער האָט אַרויסגעוויזען צו מינוטען. יענע ליעבע איז געווען דורכגעדרונגען מיט מיטלײַד, און די צערטליכקײַט, וועלכע ער פלעגט פערקערפּערן אין זײַנע ווערק, בעשטעהט גאָר פון אַנדערע עלעמענטען. אַזאַ צערטליכקײַט פאָדערט גוטסקײַט, שטאָלץ און גרויסמוטיגקײַט, און דאָס זוכט ער אין דער פרוי.

איהם אַנטקעגען קומט די צאַרטע קאַמאַ. זי איז אָבער אַ האָבּגיריגע און ער בעמערקט עס גלײַך. עס פעהלט איהם איצט די שטאָלצע פרוי, אין וועלכער ער זאָל געפינען דעם צווײַטען בעגעהר פון זײַן נשמה, און ער בעגעגענט דאַגני׳ן. דאַגני איז געווען דער ליעבלינג פון דער גאַנצער שטאָדט. לכבוד איהר האָט מען פעראַנשטאַלט אַ יום-טוב און אויסגעפּוצט די הײַזער מיט פלאַגען. נאַגעל דרינגט זיך דורך מיט דער פײַערליכער שטימונג פון דער אַרומיגער סביבה און אין טרוים וועגען אַ שטאָלצער און קעניגליכער פרוי קריגט ער ליעב דאַגנין שוין אונבעקאַנטערהײַד. ער האָט אָבער אין איהר נישט געפונען די גרויסמוטיגקײַט, און ער זוכט צו בעפריעדיגען דעם דריטען בעגעהר פון זײַן נשמה. דאָס געפינט ער אין דעם אַלט מײַ-

דעל מאַרטאַ גודע מיט די יונגע גוטע אויגען אונטער די ווייסע האָהר, די אַלע דריי פרויען מוז ער ליעבען איינצייטיג, וויל די ערש- טע איז גוט, די צווייטע שטאָלץ און די דריטע גרויסמוטיג, און די- זע אַלע אייגענשאַפטען זענען דאָך די אייגענשאַפטען פון זיין אייגענער נשמה. אין יעדערער פון די אַלע פרויען איז פערקערפערט אַ טייל פון זיין „איך" און ער זוכט נישט אַזוי די פרוי אין זיי, ווי די סימבאָ- לען, די טיפען, וועלכע זיי בעצייכנען.

אין „פאַן" זעהען מיר נאַגעלן אין אַ נייער געשטאַלט. פער- וואַנדלענדיג זיך אין לייטענאַנט טאָמאַס גלאַן, פערברענגט ער פריה- לינג, זומער און הערבסט אין בארגיגען וואַלד אין צפון, נאָרוועגען ביים ים. זיינע פריינד זענען דער וואַלד און די גרויסע איינזאַמקייט. ער וואוינט אין אַ וואַלד-שטיבעל, וואָס איז כמעט עהנליך אויף אַ בערען-נאָרע, צוזאַמען מיט זיין הונד עזאָפּ. ער פערנעהמט זיך מיט יאַגד און מיט דעם שפּייזט ער זיך. פון צייט צו צייט לאָזט ער זיך אַראָב אין דעם דערבייאיגען שטעדטל סירילונד איינצוקויפען ברויט און זאַלץ. אין שטעדטעל בעקאַנט ער זיך צופעליג מיט דער טאָכ- טער פון אַ אָרטיגען סוחר. מען רופט זי עדוואַרדאַ. זי איז נאָך כמעט אַ קינד און הויבט זיך נאָך איצט אָן צו פאָרמירען אין אַ פרוי, אָבער אין איהר האַרץ ברענט שוין דאָס פייער פון ליעבע. פול מיט פריהלינגס-שטימונג דערפיהלט גלאַן אין איהר אַ שטיק פריהלינגס-נאַ- טור, און דאָס אייביגע ליעבע-פייער פון זיין האַרצען בעגעגענט זיך מיט איהרען און זיי פלעכטען זיך אויס אין אַ שטורם פון ליידענשאַפט. נאָר אייפערזיכטיגקייט, קאַפּריז און פערדעכטיגקייט גנב'ענען זיך אַריין אין זייערע נשמות און פערוואַנדלען זייערע געפיהלען אין אַ אמת'ן גהינם, וויל די פריהלינגס-נאַטור, וועלכע ער האָט געזוכט ביי עד- וואַרדאַן, האָט נישט אַרויסגעגעבען דעם ריכטיגען דופט פון זיינע שטרעבונגען. דיזע נאַטור איז גיכער געווען די נאַטור פון אַ שטיל- איינגעהאַלטענעם שטורם מיט אַלע זיינע גרויזאַמקייטען, און גלאַנען האָט געפעהלט די שטילקייט, די צאַרטע שטילקייט, וועלכע עס טרעט אָפט אַריין נאָך אַזאַ שטורם. דיזע שטילקייט געפינט ער ביי דער איינפאַכער, גוטער, ווייכער, אָפּפערווילינגער פויערשער מיידעל עוואַ, וועלכע ליעבט איהם מיט אַ טראַגישער, נאַאיווער און הייסער ליעבע. ער ענטזאַגט זיך נישט פון דיזער ליעבע; אָבער מיט זיין ליעבע צו עוואַן ווערט נישט אויסגעשלאָסען זיין ליידענשאַפט צו עדוואַרדאַן,

פערקעהרט, זי ווערט נאָך אַלץ שטאַרקער, און אוים ראַכע צו ער־וואַרדען רײַסט ער אויף אַ פעלז, פון וואָס עס קומט אום אונשולדיגערהייד עווא. די אײַפערזוכט האָט דאָ דערגרייכט די העכסטע שטופע.

אויב אין „מיסטעריען" פערנעהמט די פרויען-ליעבע דעם הויפט־אָרט און די ליעבע צו דער נאַטור דעם צווייטען, מישען זיי זיך אוים אַזוי שטאַרק אין „פאַן", אז מען קען נישט געפינען קיין גרענעץ-ליניע צווישען זיי.

דער אָטעם פון דעם לעגענדאַרישען גאָט „פאַן" פיהלט זיך דאָ סיי אין דעם ים-שטורם, סיי אין די זוניגע צפון-טעג מיט זייער אָב־גלאַנץ אויף דעם טיעפען פערטראַכטען הימעל, סיי אין די „אײַזערנע־הערבסט-נעכט, סיי אין דעם סוד'ען זיך פון די בוימער און זייער שווייגען, סיי אין דעם געזאַנג פון די פייגעל און דעם זשומען פון די פליגען, סיי אין דער אונענדליכער געהיימניס פון דער ליעבע, וועלכע פעראייניגט מענשען, חיות און בלומען.

אָבער אַזוי ווי נאַגעל פעראייניגט זיך נישט מיט קיינער פון זיינע געליעבטע, און גיט זיך איבער אין די אָרעמס פון טויט, פעראייניגט זיך אויך נישט גלאַן מיט עדוואַרדען. עדוואַרדאַ האָט חתונה פאַר אַ טיטולירטען טוינעניכטס און גלאַן גיט זיך איבער אין די אָרעמס פון ווילדע אָרגיעס אין זײַן אײביגען גלות, — אָבער דאָס גאַנצע לעבען איז זיי בעשערט צו קוועלען זיך אונטער דעם יאָך פון אַנ'אייניציגער, אונטײַלבאַרער לײַדענשאַפט.

אין „וויקטאָריאַ" ווערט ווי אונטערגע־פיהרט אַ סך-הכל צום תוך פון דער ליעבע. אין דיזער פּאָעטישער אידיליע ווערט געשיל־דערט די ליעבע פון וויקטאָריען, דער שלאָס־פריילין, צו דעם מילנערס זוהן, יאָהאַנעס.

יאָהאַנעס ווערט אַ בעריהמטער שרייבער, אָבער פאַר וויקטאָריען בלייבט ער אלץ דער זעלבער יונגלינג פון מיהל, אקוראט ווי פאַר איהם פערבלייבט וויקטאָריא די פריילין פון

שלאָס, נאָר פאר׳ן טויט עפענען זיך איהר די אויגען און זי הויבּט אָן צו בּעגרייפען, אַז אין פערגלייך מיט ליעבּע איז אַלץ הבל הבלים.

„וואָס איז די ליעבּע? — פרעגט דער לעגענדארישער מאָנאַך ווענדט אין „וויקטאָריא" — א ווינטעל, וועלכעס רוישט צווישען די רויזען, ניין, אַ בּלאָנזשענדיגער פונק אינ׳ם בּלוט".

„די ליעבּע איז אַ פייערדיגע גהינם־מוזיק, וועלכע ערוועקט צום טאַנצען אפילו די הערצער פון אַלטע. זי איז, ווי חן־בּלימעלעך, וועלכע לאָזען פונאַנדער זייערע קנאָספען גלייך ווי עס קומט אָן די נאַכט, זי איז, ווי אַ שעמעוודיגער פלאַנץ, וועלכער פערשליסט זיך פון אַ בּלאָז און שטאַרבּט אָבּ פון אַ ריהר.

„אַזוי איז די ליעבּע.

„זי קען אומבּריינגען אַ מענשען, דערהויבּען איהם און ווידער בּעדעקען מיט שאַנדע. היינט ליעבּט זי מיך, מאָרגען דיך און די זעקסטע נאַכט איהם, — אַזוי אונבּעשטענדיג איז די ליעבּע. זי איז אָבּער אויך פעסט, ווי אַן אונצושטערבּאַרער פעלז, און זי בּרענט מיט אַ ניט־אויסגעלאָשענעם פייער בּיז׳ן טויט, ווייל אייביג איז די ליעבּע. וואָס זשע איז אַזוינס די ליעבּע?

אָה, די ליעבּע איז ווי אַ זומער־נאַכט מיט שטערען אויפ׳ן הימעל און מיט דופט אויף דער ערד. פאַרוואָס אָבּער צווינגט זי דעם יונגלינג צו געהן מיט פערבּאָטענע שטעגעלעך און פארוואָס צווינגט זי דעם אַלטען צו קווע־לען זיך אין זיין איינזאמען צימער אויפ׳ן בּעטעל? אַך, די ליעבּע פערוואַנדעלט דאָס מענשען־האַרץ אין אַ פּרעכטיגען אונפערשעמטען גאָרטען, אין וועלכען עס וואַקסען גע־היימנוספולע, פרעכע שוואומען.

צווינגט זי דען ניט דעם נזיר צו קריכען אין פרעמדע גערטנער און אריינצוקוקען ביינאַכט אין די פענסטער פון שלאָפעדיגע? פילט זי דען ניט אָן די הערצער פון די נזירות מיט וואַהנזין, און פערדונקעלט זי דען ניט דעם פערשטאַנד פון פרינצעסינס? זי בויגט דעם קאָפּ פון קעניג אזוי טיעף צו דער ערד, אַז זיינע האָהר קעהרען אראָב דעם שטויב פונ׳ם וועג, און זיינע ליפּען מורמלען אונפערשעמטע ווערטער, און ער לאַכט און שטרעקט אַרויס די צונג.

„אזוי איז די ליעבע.

„ניין, ניין, זי איז גאָר אנ׳אנדערע און זי איז גאָרניט עהנליך אויף קיין זאך אין דער וועלט. זי האָט אראָבגעצידערט אויף דער ערד אין א פריהלינגס־נאכט, ווען א יונגלינג האָט צוויי אויגען דערזעהען, צוויי אויגען. ער איז פערגליווערט געוואָרען, און געקוקט אויף זיי. ער האָט געקושט צוויי ליפּען — און אזוי ווי צוויי שטראהלען וואָלטען זיך בעגעגענט אין זיין הארצען, ווי א זון, וועלכע שיינט בעגען א שטערן. ער איז אנידערגעפאלען אין א שלאָם און ער האָט מעהר גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געזעהן אויף דער גאנצער וועלט.„

„די ליעבע איז גאָטס ערשטעס וואָרט, דער ערשטער געדאנק, וועלכער האָט זיך דורכגעפלאָכטען דורך זיינע געהירען. ווען ער האָט געזאגט: יהי אור! — איז די ליעבע ענטשטאנען. און אַלץ וואס ער האָט געשאפען איז פּרעכטיג געווען, און ער האָט דעריבער קיין זאך נישט איבערגעמאכט. און די ליעבע איז געוואָרען דער אורשפרונג פון דער וועלט און די הערשערין פון דער וועלט. אלע איהרע וועגען זענען אבער מיט בלומען בעשאטען און מיט בלוט בעגאסען, מיט בלומען און מיט בלוט״...

דערזעלבער ליעבע־מאָטיוו געהט דורך, ווי אַ רויטער פאָדים, אין אַלע האַמסונס ווערק. ער קלינגט אין דעם ראָמאַן „אונטער די הערבסט־שטערען", אין דער דראַמע „בײַ די רײַכע פאָרטען" און אין אײניגע קלײנע ערצעהלונגען. די אויסערליכע געשטאַלטען פון עדוואַרדאַ, דאגני, עווא און וויקטאָריאַ ווידערהאָלען זיך אין פערשידענע וואַריאַצעס כמעט אין אַלע זײַנע ווערק פון ערשטען פעריאָד.

---

אין'ם „טרױמער" ערשײַנט די ליעבע אין אַ נײַער בעלײַכטונג: די געליעבטע פעראײניגען זיך דורך הײַראַט. אָבער אויך דאָ איז ניט אימשטאַנד ראָלאַנדסען — דער הויפּט־העלד פון ראָמאַן — אויסצושמידען זײַן אײגען ליעבעס־גליק. ער מאַכט אַ גרויסע ערפינדונג, וועלכע דאַרף איהם אַרײַנבערענגען זעהר אַ גרויסען פערדינסט. דאָס מאַכט מילדער דעם פאָטער פון עליזען; זי צורײַסט די תנאים מיט דעם קאַפּיטאַן הענריקסען און האָט חתונה מיט ראָלאַנדסען. אויף אַזאַ אופן עראָבערט ניט ער זײַן געליעבטע, נאָר אַ גליקליכער צופאַל — די ערפינדונג איז איהם געקומען צו הילף.

די פעראײניגונג פון די געליעבטע געפינט איהר ווײַטערדיגע ענטוויקלונג אין „בענאָני" און „ראָזאַ". אין זײ טרעט שוין האַמסון אַרויס ניט אַלס פעסימיסט, נאָר אַלס אָפּטימיסט. „בענאַני" און „ראָזאַ" פיהלען זיך גליקליך און צופרידען, ווײַל זײ זענען פעהיג געוואָרען צו אָנערקענען, אַז גאַנץ פערשידען איז די ליעבע אָהן הײַראַט און די ליעבע אין דער הײַראַט, אַז דער חלוק צווישען דער ליעבע פון דער יונגענד און דער ליעבע פון דער עלטער איז אַ גרויסער.

נאַגעל און גלאַן האָבען זיך ניט געזעגענט בענוגענען מיט אײן צופרידענגעשטעלטען טײל פון זײער נשמה; זײ האָבען זיך געקענט פיהלען גליקליך נאָר דאַן, ווען אַלע זײערע נשמה־טײלען וואָלטען זיך צונױפגעפאַסען אין אַנ'אײנהײטליכע האַרמאָניע מיט זײער בענקשאַפט און דער נאַטור. בענאָני און ראָזאַ בענוגענען זיך אָבער מיט ווייניג, זײ בעגרײַפען, אַז די נאַטור לעבט מיט איהר אײגענעם לעבען, אַז זי האָט איהר אײגענע שפּראַך, און זײ זענען צופרידען, וואָס דאָס שיקזאַל האָט פערווירקליכט חאָטש אײן טײל פון זײער בענקשאַפט. זײ זעהען דאָס גליק אויסערהאַלב פון די מענשליכע וואַנדלונגען, אין דעם שטרעבען צו פעראײניגען זיך מיט דער גאַנצער וועלט, מיט דער אײביגקײט,

חמל נאָר די אײביגקייט האָט אַ װערט און קען ניט אומגעענדערט װערען . אַלעס איבריגע איז נאָר אַן׳איבערגאַנג צו איהר .

אין דיזע װערק ערשײַנט שוין האַמסון ניט נאָר אַלס שילדערער פון דעם אײַנצעלנעם , נאָר אויך אַלס מאָלער פון דער גרופּע, פון דעם כלל . נאָרװעגען אלס גאַנצעס ערשײַנט פאַר אונזערע אויגען . דיזע נײַע ריכטונג האַמסונ׳ס שפּיגעלט זיך בעזונדער בולט אָב אין זײַנע דראַמען „בײַ די רײַכע פּאָרטען", „דאָס לעבענס-שפּיעל" און „אָװענד-זון". ער טרעט אין זײ שאַרף אַרויס געגען די אײַנגעװאָרצעלטע טראַדיציעס און אַבערגלויבענס פון דער געזעלשאַפט מיט אַלע איהרע שטיצער .

אין „בענאָני", „ראָזאַ", „אונטער די הערבסט-שטערען" און אין אַ סך קלײנע ערצעהלונגען ערשײַנט אויך דאָס געזיכט פונ׳ם אַרבײטער , נאָר בלויז פון דעם האַנד-אַרבײטער , גיכער פון „דרויסען-אַרבײַטער", װײַל האַמסון אַלס נאָרדלענדער קאָן ניט דעם אינדוסטריעלען אַרבײַטער , ער שילדערט נאָר דעם אַרבײטער, װאָס ער איז אַלײן געװען און מיט װעלכען ער איז געקומען אין ענגער בעריהרונג , אָדער „פּיליײַכט — זאָגט מאַרבורגער — שילדערט האַמסון ניט דעם אינדוסטריעלען אַרבײַטער, װײַל ער פיהלט אין דער טיעפעניש פון זײַן נשמה, אַז דיזער אַרבײַטער קען איהם ניט זײַן סימפּאַטיש און דאַרף איהם אָבער ניט זײַן אונסימפּאַטיש שוין צוליעב דעם אַלײַן , װאָס דער קאַמפּף פון איהם , דעם אינדוסטריעלען אַרבײַטער , איז געריכטעט געגען דער עקזיסטירענדער אָרדנונג". אַרויסגעהענדיג פון דיזען שטאַנדפּונקט, זאָגט נאַגעל אין „מיסטעריען": „דער סאָציאַליזם איז , קורץ אויסגעדריקט , די ראַכע-אידעע פון די אַנדערע קלאַסען". ראַכע איז אָבער אין האַמסונס אויגען ניט קײן חסרון , קײן אונזיטליכע ; אײַגענשאַפט אין געגענטײל , ער שטעלט זי זעהר הויך , װען זי איז נאָר די אמת׳ע , ריכטיגע ראַכע , װעלכע שטאַמט אַרויס פון דער געזונדער , נאַטירליכער פײַנדשאַפט און געזונדען , נאַטירליכען האַס . אויף אַזאַ אופן שטעהט ער ניט פײַנדליך צו דער אַרבײַטער-קלאַסע מיט איהר קאַמפּף פאַר אַ בעסערע , שענערע אָרדנונג ; פערקעהרט , זײַן מיטגעפיהל איז אויף דער זײַט פון דיזען קאַמפּף , װײַל זײַנע העלדען , װעלכע זענען נאָר אַן׳אָבשפּיגלונג פון זײַן אײַגענער פּערזענליכקײט , שטרעבען אויך צו אַ בעסערער און שענערער אָרדנונג .

אִין דעָם שִׁילדערן דאָס פלאַטערן פוּן דעָר מעָנשלִיכעָר נשמה מִיט אַלעָ אִיהרעָ בעָשטאַנד־טײַלעָן פוּן בעָוועָגונג, פוּן לִיעבעָ צוּ דעָר נאַטוּר און צוּ דעָר פרוֹי, בעָשטעָהט די גאַנצעָ גרוֹיסקײַט פוּן האַמסונס שאַפעָן. דעָר מאָדערנעָר מעָנש מִיט אַלעָ זײַנעָ וואַנדלונגעָן, וועלכעָ גיסעָן זִיךְ צוּנוֹיף אִין דעָר ווײַטעָרעָר עָנטוויקלונג מִיט דעֶר אײַביגקײַט און עַרוועָרבעָן אוֹיף אִיהר שוֹים די גאַנצקײַט, די שטאַרקײַט פוּן אַ געָזונדען גײַסט, האָט געָפוּנעֶן דעָם בעָסטעָן אוֹיסדריק אִין דעָם גרעָסטעָן זוהן פוּן דעָם נאָרוועֶגִישעָן פאָלק. אָבעָר זײַן אַרבײַט אִיז נאָךְ נִיט געָענדיגט, זי האָט אִיצט אָנגעָנוּמעָן אַ נײַעָ ווענדונג און עָנטדעָקט אונז נײַעָ, גרוֹיסעֶ האָריזאָנטעָן — אַלץ פוּן דעָרזעָלבעָר אײַביגקײַט, וועָלכעָ רופט זיך „בעָוועָגונג און לעָבעָן״...



# THE BIBLE

in

# PAMPHLETS

In a modern Yiddish

To circulate the Book of Books among the masses we decided to publish it in pamphlets.

**☞ AT 5 c. EACH. ☜**

It is the last word in Yiddish literature, and the last word in Bible exegesis.

Edited
by
L. HARRISON.

---

NEW YORK — 1913.



Press of A. H. Rosenberg 131 Henry St.